מאַסן-ביבליאָטעק



נאָטע לוריע

# אַ ליבע באַם יאַם



№ 83

פארלאג „עמעס" מאָסקווע 1938

נאָטע לוריע

# א ליבע באם יאם

---

# ניט דערקענט...



פארלאג „עמעס", מאָסקווע 1938

Printed in Soviet Union

Редактор —Л. Гольдберг.
Техредактор—А. Фридкин.
Корректор — А.Хармац
Сдано в набор 17|XI-37 г.
Подписано к печати 4|I-38 г.
Формат бум. 60×92 1|32. 1 п. л. „Эмес“ № 144.
Уполном. Главлита РСФСР Б—33462. Тираж 5000.

Тип. изд-ва „Дер Эмес“, Москва, Покровка, 9.
Зак. 988

# א ליבע באַם יאַם

נאָך דער אַרבעט האָט האָדיע רודמאַן זיך געלאָזט אַפּן האַלב-ווילדן פּליאַזש אין עק שטאָט. ער איז געווען אַמוואָס אומרויִק, איבערגעלעבט, אַליין קלאָר נישט וויסנדיק פון וואָס: צי פון דעם, וואָס ס'האָט זיך אים הײַנט אָפּגעקאָסט אײַנגעגעבן צו באַהערשן די נײַע פרעזער-מאַשין, צי פון דער באַגעגעניש, וואָס ס'שטייט אים באַלד פאָר. ער איז איצט געווען זיכער, אַז זי וואַרט שוין האַרט אויף אים, כאָטש זיי האָבן צווישן זיך נישט אָפּגערעדט. נאָך מער: זיי האָבן ביז די לעצטע טעג זיך נישט געקענט, און פאַר די פיר-פינף טעג, וואָס זיי טרעפן זיך דאָרט, האָבן זיי צווישן זיך קיין וואָרט נישט געהאַט אויסגערעדט.

דער האַלב-ווילדער פּליאַזש אין עק שטאָט איז אַרומגערינגלט געווען מיט אונטערגעשווענקטע הויכע געלבלעכע בערג. מיט צעשפּאָלטענע, ווי פון א דונער, זײַנען די בערג געשטאַנען אַמוואָס אײַנגעבויגן איבערן יאַם, און ס'האָבן דאָ און דאָרט אַרויסגעשטאַרצט גרויסע שטיינער, געלע,

אָנגעשפּאַלטענע, אַט, אַט—וועלנ זיי זיכ אָפּרײַסנ, אַראָפּ-
פאַלנ אונ אַלצ פאַרשיטנ.

אונטנ אבער זאמד, אפ די ארומגעשליפענע שטיינדלעכ זיינענ אינ פארשיידענע ערטער געשטאנענ פישער-שיפלעכ, ס'זיינענ געלעגנ צעוואָרפנ נעצנ, וואָס האָבנ זיכ געטריקנט אנטקעגנ דער בלענדנדיקער זונ.

אפ דעם דאָזיקנ האַלב-ווילדנ זאמדיקנ פּליאַזש, וווּ ס'האָבנ זיכ אמעריסטנ בעייסעקט פישער אונ ס'האָבנ זיכ געבאָדנ די אײַנוווינער פונ די ברעגיקע יאַמבאַלופעס, איז זי געלעגנ אײנע אַליינ, באַם מאַמע וואַסער, נאָכ גאָר אַ יונג, אַ שלאַנק אונ זייער אַ בלאָנד מײדל. מיט די פרײַ-לעכע שטיפערישע אויגנ האָט זי זיכ אַלע ווײַלע אומגעקוקט אַפ די בערג, וואָס האָבנ זיכ געהויבנ איבערנ פּליאַזש, אַפ די קלײנינקע ווײַסע פישער-כאַלופקעס, וואָס האָבנ זיכ ארויסגעזעענ צווישנ דעם באַרגיקנ שטיינערנ גרינס, ווי זי וואָלט דאָס וועלנ אַפ לאַנג, לאַנג פאַרגעדענקענ.

צופוסנס האָט ווײַט, ווײַט, ניט צו פאַרכאַפּנ מיטנ אויג, זיכ רויִק געבליט דער יאַם, אונ ס'האָט געטראָגנ פונ דאָרט מיט קילבלעכער אָפּגעפרישטער לופט, מיט גע-זאַלצנס, מיטנ באַקאַנטנ גערוכ פונ סקומבריע אונ האָט זיכ אויסגעמישט מיט די שטאַרקע רייכעס פונ די דער-בײַיקע באַרג-קווייטנ, אַז ס'האָט איר פאַרכאַפּט דעם אָטעם. — נײַנ, זי האָט נאָכ אינ ערגעץ אַזאַ שײַנקײַט ניט געזעענ.

זי איז געלעגנ אונ געהאלטנ אינ איינ ארומקוקנ זיכ אפ די בערג, אפ די שיפלעכ, אפנ יאמ, אפ די ארומגעברויזטע, געזונטע, ברייטפלייציקע פישער...

ס'איז שוינ געווענ נאכ האלבנ טאג, ווענ ראדיע האט זיכ אינעמ ווייסנ אנצוג אראפגעלאזט מיט דער קרומער אויסגעטראטענער סטעזשקע בארג-אראפ, וואס פירט צומ יאמ. גייענדיק, האט ער זיכ אינ אלע זייטנ אומגעקוקט, געזוכט זי. אויב זי איז היינט ווידער דא,—האט ער געטראכט,—איז א סימנ, אז זיווארט אפ אימ, דעמלט וועט ער צוגיינ צו איר. עס האט אימ נאר באטרויקט, טאמער איז זי נישטא. עפשער איז זי מער ניט געקומענ. גאר ער האט זי באלד דערזענ. זי איז געלעגנ ניט ווייט פונעמ וואסער, אויסגעצויגנ אפ די שטיינדלעכ. איר ארומגעברוינטער שטייפער קערפער האט געגלאנצט אנטקעגנ דער זונ אונ געאטעמט מיט פולער מיידלשער קראפט. ער האט ניט באוויזנ מאכנ עטלעכע טריט נידעריקער בארג-אראפ, ווי זי האט זיכ אויפגעזעצט, פונקט ווי זי וואלט דערשפירט, אז ער גייט, אונ זיכ אומגעקוקט אהער, צו אימ.

ראדיע האט דערפילט, ווי די כוואליעס פונעמ יאמ האבנ זיכ אנגעקלאפט אנ זיינ הארצ. ס'איז אימ געווארנ עפעס שווער אונ—זייער גרינג.

— איצט זעט ער, אז זי האט געווארט אפ אימ... זי איז אימ אזוי קענטלעכ. ער וועט באלד, פארבייגייענדיק, זיכ אפשטעלנ לעבנ איר.

נאָר ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, ער איז אַן אומרויקער, פאַרטשעפּענדיק זיך אָן די שטיינדלעך, פאַרבײַגעגאַנגענע האַרט לעבן איר און זיך געזעצט דאָ דערבײַ, אויבן באַם ברעג. ער האָט איצט געהאַט פאַרדראָס, וואָס ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט...

דער יאַם האָט זיך אָנגעקוקן איבערגעטאָן אין קאָלערליי פאַרבן. דאָריע האָט נאָך דעם יאַם קיינמאָל ניט געזען אַזוי שיין. אַט האָט ער, דער יאַם, אויסגעזען בלאָוולעך, אַט גרין, אַט ווײַס־באַזילבערט. איבערן יאַם, נידעריק איבער די וואַסער־ראַכוועסן, האָבן זיך געטראָגן פרײלעכע ווײַס־קלאָרע מעוועס. ווײַט, סאַמע באַם האָריזאָנט, האָבן זיך געהוידעט קליינינקע, בלויִנקע שיפלעך, און ס׳האָבן דאָ און דאָרט געבלענדט אַנטקעגן דער זון ווײַסע זעגלען.

אַפן פּליאַזש האָט מען געטומלט. קינדער האָבן זיך געוואָרפן אין וואַסער, געשפּריצט, געלאַכט. ער האָט נאָך קיינמאָל, דאַכט זיך, ניט געהערט אַזאַ מונטערן געלעכטער.

ער איז געזעסן אַנטקעגן יאַם און געפילט זי ניט ווײַט לעבן זיך, ווי זי ליגט אָנגעשפּאַרט אָן די שטיינדלעך, זייער אַ בלאָנדע, מיט פרײלעכע שטיפערישע אייגן.

— ווער איז זי, — האָט ער זיך געטראַכט, — פאַרוואָס קומט זי שטענדיק אַליין... ווען ער ווייסט, ווער זי איז, וואָלט ער צוגעגאַנגען צו איר.

איינמאָל האָט ער באַמערקט, אַז זי האָט געהאַלטן אַ קינאָ־זשורנאַל.

— זי איז אַן אַרטיסטן, — האָט ער באַשטימט, — יאָ. זיכער. זי איז אַ קינאָ-אַרטיסטן.—איצט איז אים קלאָר... ער האָט זי געזען אין אַ פילם...

זי האָט גערייכערט... ער האָט אויך אָנגעהויבן אָפטער רייכערן. עפּשער וועט איר אויספעלן אַ פּאַפּיראָס אָדער זי וועט האָבן פייער. מייהלעך טראָגן האָט זעלטן מיט זיך שוועבעלעך. ער האָט באַמערקט, ווי זי פלעגט זיך אָפט ווענדן צו דערבייִקע אומבאַקאַנטע נאָך אַ שוועבעלע אָדער זי איז פּאַשעט צוגעגאַנגען, זיך אָנגעבויגן און צוגערייכערט. נאָר צו אים האָט זי זיך נים געווענדט.

— פאַרוואָס זאָל ער נים צוגיין צו איר... ער וואָלט נאָר וועלן וויסן, ווער זי איז... פאַרוואָס קומט זי אַהער יעדן טאָג אַליין, ווי זי וואָלט זיך אָפּגערעדט... וו האָט ער זי געזען...

נאָר ווייל ער האָט בײַ דער ערשטער באַגעגעניש מיט איר נים אָנגעהויבן ריידן, איז איצט אים שוין געווען אַ סאַך שווערער.

אַזוי איז געגאַנגען טאָג נאָך טאָג. ער איז געוואָרן אַלץ אומרויִקער, געאַרבעט מיט מער איפּעט און גלייך נאָך דער אַרבעט זיך געלאָזט איבער שטאָט, צום יאַם. ער האָט געפילט, אַז זי וואַרט שוין דאָרט אויף אים.

איין טאָג איז ער אַוועק אויפן פּליאַזש אַ סאַך פריִער ווי שטענדיק. היינט וועט ער צוגיין צו איר, האָט ער באַשטימט.

נאָר ווענ ער איז אָנגעקומענ אַהינ פּליאוש, האָט ער זי
ניט געטראָפֿנ. ער איז צעטומלט געבליבנ שטיינ, זיך
אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט פֿאַרלאָרנ עפּעס אַ טײַערע זאַכ.
ער האָט זי געזוכט צווישנ דעמ עולם, וואָס איז הײַנט
געקומענ מער ווי שטענדיק, נאָר זי האָט זיך אינערגעצ
ניט געוויזנ. ער האָט זיך אַ ווײַלע אַזוי אַרומגעדרייט אונ
נאָכדעמ פֿאַרנומענ איר שטענדיק אָרט בײַמ סאַמע וואַ-
סער, דאָס אָרט, וואָס איז איִמ געווענ אַזוי טײַער.

שפּעטער, נאָכ האַלבנ טאָג, האָט ער זיך אומגעקערט
אונ פּלוצעמדיק דערזענ זי, ווי זי לאָזט זיך אַראָפּ פֿונעמ
באַרג. איִמ האָט זיך—געוואָלט פֿאַר פֿרייד זיך אָנהייבנ
איר אַנטקעגנ, נאָר ער איז געבליבנ זיצנ אָפֿנ זעלבנ אָרט.
זי האָט איִמ, קאָנטיק, אויכ באַלד באַמערקט, פֿאַרוואָרפֿנ
עטוואָס די האָר אָפּ הינטער אונ מיט פֿאַרקלענערטע
טריט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿונעמ באַרג.

זי איז אַ שלאַנקע, אײַנגאַנצנ אינ ווײַסנ, דורכגעגאַנגענ
פֿאַרבײַ דעמ אָרט, וואָס זי פֿלעגט שטענדיק פֿאַרנעמענ.
איצט איז ער דאָרט געזעסנ. זי האָט פֿונ דער ווײַט אַ-
איִמ אַ קוק געטאָנ, פֿאַרבײַסנדיק די אונטערשטע פֿולבלע-
כע ליפּ, ווי זי וואָלט וועלנ אײַנהאַלטנ דעמ שמייכל, איז
אָפּגעגאַנגענ נאָכ אַ פּאָר טריט אונ דאָ דערבײַ זיך אַוועק-
געזעצט.

דאָריע האָט גאָרניט באַמערקט, אַז זיי האָבנ זיך פֿאַר-
בײַט מיט די ערטער. ער האָט איצט שוינ מער גאָרניט

געוואָלט. ס'איז אים געווען גענוג, וואָס זי איז דאָ.

דער טאָג איז געווען א הייסער. די זון איז געשטאַנען אַזש איבערן קאָפּ, ס'האָט געבלענדט אַזש די אויגן. באַם יאַם איז געווען פול מיט מענטשן — פישער, ווײַבער, קינדער. זיי האָבן זיך האַלב־נאַקעטע, שטאַרק אַרומגעברוינטע אַלע ווײַלע געוואָרפן אין וואַסער, אונטערגעטונקט זיך, ווי זיי וואָלטן וועלן באַהאַלטן זיך פון דער זון, געשפּריצט איינע אפ די אַנדערע.

דאָריע האָט געקוקט אפ די אַרומגעברוינטע מוסקול־לײַבער פון די פישער, אפ די נאַקעטע געשיקטע קינדער, וואָס זײַנען איינע נאָך די אַנדערע פלינק געשפּרונגען פון די פעלדזן אין יאַם אַרײַן, און אַלץ געטראַכט וועגן איר.

— א מאָדנע זאַך... ער זעט דאָך, אַז זי קומט אַהער צוליב אים... און זי פילט דאָך מיסטאָמע דאָס זעלבע. זיי באַגעגענען זיך אַזוי שוין ווער ווייסט וויפל טעג, פּונקט ווי זיי וואָלטן צווישן זיך אָפּגערעדט, און צוגיין צו איר קאָן ער ניט...

שפּעטער האָט דאָריע זיך אומגעקוקט און באַמערקט, אַז דער יאַם איז מיטאַמאָל געוואָרן בלויער, טונקעלער. אונטן איז א האַלבער הימל פאַרלאָפּן געווען מיט כמאַרעס.

— ס'זאָל כאָטש ניט אַרויס קיין רעגן...

ער האָט זיך אומגעקוקט אפ דעם מיידל, ווי ער זאָל מוירע האָבן, אַז זי זאָל ניט אַוועקגיין.

דאָס מיידל איז ווי פֿריִער געלעגנ אויסגעצויגנ אַפֿ די שטיינדלעכ אונ מיט א פֿאַרהויבענעמ קאָפּ געקוקט הויכ אַפֿ די שווערע כמאַרעס, וואָס האָבנ זיכ גערוקט אַלצ נע־ענטער אהער אונ אַנגעוואָרפֿנ א מאָרנע דראָענדיקע פֿונקלקייט אַפֿנ פּליאַזש, אַפֿ די בערג, אַפֿנ יאַמ, אַפֿ די מענטשנ.

— ס'וועט, דאַכט זיכ, זײַנ א שטורעמ, — האָט עמע־צער זיכ דערבײַ אָפּגערופֿנ.

באַלד איז דער יאַמ געוואָרנ שטאַרק טונקל. ער האָט זיכ אָנגעהויבנ אומרויִק צעבוימענ. די מעוועס האָבנ דער־שראָקנ זיכ גענומענ אַרומדרייענ, שיִער ניט אַרופֿליִענדיק איינע אַפֿ די אַנדערע.

ס'איז געוואָרנ קילבלעכ. א רויטער פֿלאַמיקער בליצ האָט, ווי א שטיק פֿײַער, דורכגעשניטנ דעמ שוואַרצ־גע־וואָרענעמ הימל, אונ ס'האָט זיכ פֿונ ערגעצ, פֿונ הינטער די בערג, דערקײַקלט א שווער דונערנ.

אַרומ אונ אַרומ אַפֿנ פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿענעמ האַלב־ווילדנ פּליאַזש האָט זיכ אָנגעהויבנ א טומל. מע איז איינע נאָכ די אַנדערע מיט א געשריי, מיט א קוויטשערײַ גיכ אַרויסגעלאָפֿנ פֿונעמ יאַמ, גענומענ זיכ אָנטאָנ.

— פֿונקט הײַנט איז א רײַטאָג האָט עס אָנגעטראָגנ...— דאָריענ האָט זיכ ניט געוואָלט, זי זאָל אַוועק. — עפּעס וועט עס גאָר באַלד דורכגיינ, נאָר ס'האָט אַלצ אָפֿטער אונ שווערער אָנגעהויבנ דונערנ. ס'האָט געבליצט. דער

יאַמ האָט זיכ געבוימעט, ווי ער וואָלט וועלנ אַרויס פונ די ברעגנ. דער טומל אויפנ פּליאַזש איז געוואָרנ שטאַרקער. קיינער האָט זיכ שוינ ניט געבאָדנ. די פישער־שיפלעכ זײַ־ נענ אַוועק געשוווּמענ צום ברעג. מע האָט געשריגנ איינע צו די אַנדערע, געײַלט גיכער זיכ אָנטאָנ. ס'האָט אָנגע־ הויבנ שפּריצנ אַ געדיכט דריבנע רעגנדל.

— פאַרפאַלנ... ס'וועט שוינ רעגענענ...

דאַריע האָט זיכ שוינ געוואָלט אָנטאָנ, נאָר ער האָט מיטאַמאָל באַמערקט, אַז דאָס מיידל האָט זיכ רויק אויפגעהויבנ, גענומענ אירע זאַכנ אינ באַמעלעכ, ניט גע־ ײַלט, אונטערנ רעגנ צוגעגאַנגענ צו אַנ איבערגעקערט שיפל אונ אונטערגעלייגט זיי אונטער דעמ. —

אַליינ איז זי געבליבנ זיצנ אָנגעשפּאַרט אָפנ שיפל מיט דעמ פאַריסענעמ יונגנ בלאָנדנ קאָפּ צו די כמאַרעס, וואָס האָבנ געהאַלטנ אינ איינ דונערנ.

אָפ דעמ האָט ער זיכ אינגאַנצנ ניט געריכט. ער האָט זיכ אומגעקוקט אָפ די וואָלקנס אונ האָט אויפגעציטערט. דער גאַנצער הימל איז געווענ שוואַרצ אונ אויפגעלאָפנ. ער האָט אינדערגיכ גענומענ זײַנע זאַכנ אונ זיי אויכ אונ־ טערגעלייגט דערבײַ אונטער אַ צווייט שיפל.

דער רעגנ האָט אָנגעהויבנ גיינ שטאַרקער. ער האָט קרום געשמיסנ מיט פולע, שווערע טראָפּנס איבערנ יאַמ, איבערנ פּליאַזש, איבער די שיפלעכ, איבער די מענטשנ. פונ אַלע זײַטנ האָט זיכ געטראָגנ אַ געשריי אונ אַ קוויי־

טשערעז, טע איז האלב-אָנגעטאָנענע געלאָפן באַרג-אַרויף. דער געשריי, דער מומל האָט זיך צונויפגעמישט מיט די דונערן, וואָס האָבן געפּלאַצט כאַמע איבערן קאָפּ, מיטן נערוויש פּויקעט שמיטסנדיקן רעגן.

אין א ווײַלע אַרום, אַז דאַריע האָט זיך אומגעקוקט, איז אַפֿן פּליאַזש שוין קיינער ניט געווען. זיי זײַנען אומבאַמערקט פֿאַר זיך אַליין געבליבן זאַלבעצווייט. דער רעגן האָט שטאַרק געשמיסן מיט קאַלטע טראָפּנס איבערן לײַב, וואָס איז געווען אָנגעגליט פֿון דער זון, אַז ס'האָט אויש דורכגענומען א ציטער.

דאַריע איז געשטאַנען אונטערן רעגן, פֿון דער זײַט זיך אומגעקוקט אויף איר, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. עפּעס ער צוגיין. נאָר זי האָט אהער ניט געקוקט. זי איז ווי פֿריִער געזעסן עטוואָס אָנגעשפּאַרט אָן דעם איבערגעקערטן שיפֿל און געשמייכלט אונטערן דעם רעגן, וואָס האָט געשמיסן איבער איר, ווי זי וואָלט דערפֿון שטאַרק פֿאַרגעניגן געהאַט.

דאַריע האָט געפֿילט, אַז ער וועט צו איר ניט צוגיין. ער ווייסט אַליין ניט פֿאַרוואָס. ס'איז אים געוואָרן קאַלט, ס'האָט בײַ אים אויש אָנגעהויבן ציטערן דאָס לײַב. ער האָט ניט געוואָלט, אַז זי זאָל באַמערקן, און איז אַרײַנגעלאָפֿן אין יאַם.

דער יאַם איז געווען טונקל-גרוי. די גאַנצע אָנגעדלעבע פֿלאַך האָט זיך שוימיק געבולבעט אונטערן שלאַקס-רעגן,

אויפגעלאָפנ אינ בלעזלעכ, געפּלאַצט אונ ווידער אויפגע-
לאָפנ. פונ די בערג האָבנ זיכ מיט א רויש געטראָגנ אהער
שווימיקע רימשקעס וואַסער. דער רעגנ איז געגאַנגענ אלצ
שטאַרקער, קלאַפּנדיק איבערנ יאַם. דאָריע האָט זיכ אומ-
געקוקט, געוואָלט זען, וואָס טוט זי מאַנ, צי וועט זי גיכ
אוועק...

זי איז איצט איינע אליינ געשטאַנענ אפנ פוסט פאַר-
בליבענעמ פּליאַזש אונ געקוקט אינ דער הייכ אפ די
כמאַרעס. ס'האָט שטאַרק גערעגנט. באַלד איז זי אויכ
גרינ אינ יאַמ. דאָס וואַסער איז געווענ קאַלט. זיי האָבנ
זיכ אומגעקוקט איינע אפ די אנדערע אונ, ניט אויסריידנ-
דיק קיינ וואָרט, זיכ געלאָזט שווימענ. זיי זײַנענ געשווו-
מענ גיכ, קעדיי זיכ אָנוואַרעמענ.

דער רעגנ האָט געגאָסנ אלצ שטאַרקער, ווי ס'וואָלטנ זיכ
געעפנט אלע קוואַלנ פונ הימל. ארום אונ ארום האָט
זיכ גאָרנישט ניט געזענ — ניט קיינ שיפל, ניט קיינ פי-
שער. ס'האָט אויסגעזענ, ווי די וואָלקנס וואָלטנ זיכ אָנ-
געשפּאַרט אָנ די הויכע שטיינערנע בערג, פאַרשטעלנדיק
די פישער-כאַלופּקעס, אלצ ארום אונ ארום. זיי זײַנענ גע-
ווענ זאַלבעצווייט אינעמ כמורעדיקנ יאַם. מער קיינער ניט.
זיי זײַנענ געשווומענ אלצ ווײַטער אונ ווײַטער, ווי פאַר-
מעסטנדיק זיכ, ווי זיי וואָלטנ וועלנ איינער דעמ אנדערנ
אריבעריאָגנ.

שפּעטער, ווענ דאָריע האָט זיכ מיטאמאָל אומגעקוקט,

האָט ער באַמערקט, אַז דער ברעג איז געבליבן גאָר ווייט. אַזוי ווייט איז ער נאָך קיינמאָל ניט געשווּמען. ער האָט זיך שוין געוואָלט אויסדרייען צוריק, נאָר ער איז געבליבן דערשראָקן, ס'האָט אים אויס פאַרכאַפּט דער אָטעם. דאָס מיידל איז דערבײַ ניט געווען.

ער האָט, ניט ווייסנדיק וואָס, עפּעס אויסגעשריִען און זיך געלאָזט אַהין, וווּ זי איז אָקאָרשט געשוווּמען.

— וווּ איז זי... — ער האָט דערשראָקן גענומען שרײַען, געוואָלט אָנרופן זי בײַם נאָמען, נאָר ניט געדענקט דעם נאָמען. מיטאַמאָל האָט ער באַמערקט, ווי איר קאָפּ האָט זיך באַוויזן איבערן וואַסער און איז צוריק אַראָפּ. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַהין.

איבער די פּאַרוואָלקנטע בערג האָט געדונערט. ס'האָט געבליצט. דער רעגן האָט רויִק געפּאַטשט איבער דעם אָנגעכמורעטן ים. ער איז געשוווּמען אַהין און געשריִען, אַליין ניט הערנדיק זײַן געשריי.

באַלד האָט ער זיך אין וואַסער אָנגעשטויסן אָן איר, זי איז אַרויסגעשווּמען פֿונעם וואַסער סאַמע לעבן אים, אַ שמייכל געטאָן די האָר, צעעפֿענענדיק די פֿריילעכע, שטיפֿערישע אויגן.

— איר האָט זיך דערשראָקן? — האָט זי געשמייכלט.

— כ'האָב געמיינט... — ער האָט קוים איבערגעכאַפּט דעם אָטעם.

— ס'איז מיר פּאַשעט קאַלט געוואָרן, האָב איך זיך

אונטערגעטוקט... אונטנ איז דאָס וואסער א סאך וואַ=
רעמער... טוקט זיכ אונטער, — האָט זי פריילעכ זיכ צו
אימ אויסגעדרייט, ווי זי וואָלט גרייט געווענ ווידער זיכ
אראָפּלאָזנ אפנ יאמ-דעק.

— מע דאַרפ ניט, — האָט ער זי אָנגעכאַפּט פאר דער
האַנט, — קומט צוריק, איצט איז געפערלעכ...

— אפנ ברעג איז קאַלט.

— מירנ איבערקערנ א שיפל.

— איר וועט קאָנענ?

— צוזאַמענ וועלנ מיר איבערקערנ.

זיי זײַנענ גיכ צוגעשווומענ צומ ברעג, אַוועקגעלאָפנ צו
א שיפל, האלב איבערגעקערט עס, אזוי אז עס האָט פאר=
שטעלט דעמ רעגנ.

זי איז איצט געזעסנ עפּעס אײַנגעבויגנ ניט ווײַט פונ
אימ און, אונטערשמייכלענדיק, ארויסגעקוקט אפנ דרויסנ.

— אַ, ווי עס גיסט, — האָט ער זיכ אָפּגערופנ, —
ס'קאָנ נאָכ גיינ לאַנג.

— זאָל גיינ... דער יאמ איז איצט וווּנדערלעכ שיינ, —
האָט זי גערעדט צומ דרויסנ, — כ'האָב אימ נאָכ קיינמאָל
אזא ניט געזענ...

— ס'טרעפט נאָכ א סאך שענער. אינ א שטורעמ...

— איר באַדט זיכ דעמאָלט.

— זיכער...

— נו, יאַ... איר שווימט זייער גוט, — האָט זי שוינ

ניט אראָפּגענומענ די אויגנ פונ אים, — איר זייט געבאָרנ געוואָרנ באם יאם?..

— ניינ, — האָט ער זיך אָפּגערופנ, — דאָרט, ווו איך בינ געבאָרנ געוואָרנ, אינ האלושקעס, איז קיינ יאם ניט געווענ.

— אינ האלושקעס, — האָט זי זיך א כאפּ געטאָנ, — ס'איז א יידישער כוטאָר?..

— יאָ, — האָט ער זי עטוואָס צעטומלט אָנגעקוקט.

— ביסט פונ האלושקעס?!

איצט מיטאמאָל האָט ער זי דערקענט.

פארכאפּטע, איבעראשטע פונ דער באגעגעניש, האָבנ זיי זיך ביידע אויפגעהויבנ, געבליבנ שטיינ איינער אנטקעגנ דעם אנדערנ, ניט רירנדיק זיך פונ אָרט.

— זע, ווי קומסטו אהער? — האָט ער נאָכדעם, קוים איבערכאפּנדיק דעם אָטעם, זיך אָפּגערופנ.

— אונ ווי קומסטו אהער? — האָט זי אים ארומגענומענ.

זיי זיינענ געשטאנענ איינער אנטקעגנ דעם אנדערנ אינ בערגעפולט מיט פרייד, די אויגנ זיינענ געווענ פול פונ פייכטקייט.

אָט, אָט וועלנ זיי זיך איבערגיסנ.

— זע, ווי דו ביסט אויסגעוואקסנ, — האָט ער אפ איר געקוקט, ווי אים וואָלט זיך ניט געגלייבט, אז דאָס איז זי, — ס'ארא שיינ מיידל דו ביסט געוואָרנ...

— אונ דו... כ'וואָלט קיינמאָל זיכ ניט געריכט.
— ווי קומסטו אהער?..
— וויפל, אז מיר האָבנ זיכ ניט געזענ...
— כ'האָב אָבער געפילט, אז דו ביסט מיר באקאנט...

האלטנדיק זיכ פאר די הענט, האָבנ זיי, איבערשלאָגנ-דיק איינער דעמ אנדערנ, פארכאפט גערעדט, דערמאָנט זיכ פארשיידענע זאכנ.

פונ קינדווייז אָנ האָבנ זיי געלעבט א הויפ לעבנ א הויפ אינ א קליינעמ פארוואָרפענעמ יידישנ כוטאָר הא-לושקעס. צוזאמענ זיינענ זיי ארומגעלאָפנ באָרוועסע, ארומגעריסענע, מיט נאקעטע פופקעס איבער די פאר-וואקסענע גערטנער, איבער די וועגנ, געקליבנ שפענדלעכ אונ כיכט צומ הייצנ, געכאפט זשאבקעס אינ סאזשלקעס, צווישנ-געשארט פארשאָטענע זאנגענ פאר די עטלעכע הי-נער, געשפילט זיכ אינ פערדלעכ אונ געטרוימט ווערנ גרויסע אונ בלייבנ אפ שטענדיק נאָענטע, שטארק נאָענטע...

נאָכ דער הארינע, נאָכ מאכנאָס פאָגראָמ האָט מענ זיי זעקס-זיבנ-יאָריקע פארנומענ אינ פארשיידענע קינדער-היי-זער. פאר דער צייט האָט זי שוינ באוויזנ ענדיקנ אינ מאָסקווע אפ געאָלאָג אונ ווינטערט שוינ עטלעכע יאָר אפ א ווייטנ צאָפנ-אינדזל, אונ ער איז א טעכניקער, אר-בעט אפ א היגנ מאשיננבוי-זאוואָד.

— זע, ווענ האָסטו באוויזנ ווערנ א טעכניקער,—האָט

זי אים א פרייריקע אָנגעקוקט, ווי ס'וואָלט זיכ איר ניט געגלייבט.

— אונ ווענ האָבטו באוויזנ ווערנ א געפֿאָלנ...

זיי האָבנ געקוקט איינע אפ די אנדערע אונ מאָדנע געלאכט פאר ברוויזנדיקער פרייד...

— ווי זשע הייסט מענ דיכ? — האָט ער זיכ מיטאמאָל א כאפ געטאָנ.

— כאנע.

— ריכטיק כאנקע...

— אונ דיכ...

— ראָדיע.

— ראָדקע, — האָט זי אימ אריבערגעכאפט, — געדענקסט, ראָדקע, ווי דו האָסט מיכ אמאָל געשלאָגנ.

זיצנדיק פארבאהאלטנ פונעמ רעגנ דאָ, אונטער דעמ האלב-איבערגעקערטנ שיפל, האָבנ זיי זיכ דערמאָנט אָנ דעמ כוטאָר, דערציילט איינער דעמ אנדערנ וועגנ די גרובנ, וואָס זיי האָבנ געהאט פונ דאָרטנ, דערמאָנט זיכ פארשיידענע זאכנ, די בערגלעכ, די סאזשאלקע, די באלקעס, די פאליסאדניקעס, וו זיי האָבנ צוזאמענ פארבראכט די פריכטע קינדער-יאָרנ.

— זע, א גליק, ראָדקע, וואָס ס'איז אריבער דער רעגנ, — האָט זי געלאכט, — ווענ ניט, וואָלטנ מיר זיכ מאקע ניט באגעגנט...

דעמ זעלבנ טאָג שפעט אינ אָוונט איז זי מיטנ קוריער-

צוג אָפּגעפאָרנ. דאָריע האָט זי באַגלייט צומ צוג. דער הימל איז שוינ ווידער געווענ דורכזיכטיק קלאָר. ס'האָט געטראָגנ מיט פרישקייט. אפ דער פּלאַטפאָרמ האָט געשפּילט מוזיק. דאָריע האָט זיכ אַרומגעדרייט אפ דער פּלאַטפאָרמ, זיכ אַלע ווײַלע אומגעקוקט אפ איר, אפ דעמ בלאָנדנ שלאַנקנ מיידל מיט די פרייליכע שטיפערישע אויגנ, אונ ער האָט דערזענ פאַר זיכ זייער אַמאָליקנ פאַרוואָרפענעמ, אָרעמענ כוטאָר, מיט די אײַנגעפאַלענע הײַזקעס, די בלאָטיקע כאַזשאַלקע, אונ זיי בײדע, אַרומגעדריבענע, פאַרמוטשעטע, האַלבנאַקעטע, ווי זיי קלײַבנ גרינ גראָז, באַבקע אינ קאַטראַנ, קעדיי שטילנ דעמ הונגער, אונ ער האָט דערפילט איצט אַלץ א שטאַרקערע, א טיפערע פרייד, אז ער האָט ניט געוווסט וואָס צו טאָנ. ער וואָלט גאָר, דוכט זיכ, געפאָרנ מיט איר צוזאַמענ אַהינ, אפנ ווײַטנ צאָפנ...

ווענ דער צוג האָט זיכ שוינ גערירט, איז זי אינגאַנצנ אינ ווײַסנ נאָכ געשטאַנענ אפנ טרעפּל. זי האָט געפאָכעט מיט דער האַנט. די ווײַסע בלאָנדע האָר זײַנענ איר געפאַלנ איבערנ ליכטיקנ פּנימ, זי האָט פרייליכ, פונ פולנ האַרצנ געלאַכט אונ געשריענ צו אימ:

— זאָלסט אומבאַדינגט שרײַבנ... דאָריע... זאָלסט אומבאַדינגט שרײַבנ...

איצט גייט שוינ ווידער צו זומער. מע הייבט שוינ אָנ זיכ צונויפפאָרנ צומ יאַמ. די שטאָט איז שוינ אינגאַנצנ

גרינ און איבערגעפילט מיט פריש־דופטיקע רייכעס פונ
יונגנ צווייט. די זונ שטייט כאמע איבערנ קאָפ. מע וועט
זיכ באלד ווידער אָנהייבנ באָדנ. עס וועט אופלעבנ דער
האלב־ווילדער פליאזש. נאָר זי וועט האיאָר ניט קומענ. זי
איז איצט ווײַט, ווײַט מיט א קלייגער גרופע מענטשנ אפ
א צאָפנ־אינדזל, וווּ ס'קאָנ איצט אוואדע שיטנ א שניי און
וווּ זי פירט דאָרט איר וויסנשאפטלעכע ארבעט...

---

# ניט דערקענט...

ווי זיינענ געפארנ זאלבעדריט אינ קופע. דער צוג איז פאמעלעכ געגאנגענ אדער עפעס האט זיכ אויסגעוויזנ, אז ער גייט אזוי פאמעלעכ, ווייל פונ אלע זייטנ האט געקלאפט אונ געשמיסנ א שטארקער רעגנ.

די פענצטער פונעם וואגאנ זיינענ געווענ פעסט צוגעמאכט. בולבעגדיק רעגנ=וואסער האט געפליצט אונ גערונענ איבער די שויבנ, ס'האט אונטערגעפייפט א ווינט.

ס'איז שוינ געווענ אוונטדיק=טונקל. אינ קופע איז געווענ ניט ווי געווייגלעכ, שטיל. קיינער האט ניט גערעדט.

אפ דער אונטערשטער באנק איז געלעגנ אויסגעצויגנ מיטנ פנים ארופ א צו=קורצ פול=געפאקט ייִדל. ער איז געלעגנ מיט האלב=צוגעמאכטע אויגנ, ווי ער וואלט געדרעמלט. דאס גאנצע אנגעבראקנעוועטע פנים ביז די אויערנ איז בא אים געווענ פארוואקסנ, נאר די האר זיינענ געווענ מאדנע שיטער, ווי האבנ אויסגעזעענ הארט אונ ס'האט פונ צווישנ זיי ארויסגעגלאנצט א רויטלעכע הויט.

ער האָט שווער אונטערגעסאָפּעט, אַלע ווײַלע עטוואָס אויפֿגעעפֿנט און צוריק צוגעמאַכט די אויגן און געשוויגן.

אויף דער אַנטקעגנדיקער באַנק איז אָנגעשפּאַרט אויף א פּאַק מיט זאַכן געזעסן א יונגער באָכער. פֿונעם שלעפֿן־צונויפֿגעבונדענעם פּאַק האָט זיך אַרויסגעזען א קישן און גרינע קווײַטעלעך, א צינטער־רויטע קאָלדרע און נאָך זאַכן. בײַ דער זײַט איז געשטאַנען א גרויסער הילצערנער טשעמאָדאַן. פֿון די זאַכן איז קלאָר געווען, אַז דער רוים־לעבער באָכער פֿאָרט ערגעץ אויף אַרבעט און א פֿרעמד אָרט. ער האָט זיך אַלע ווײַלע איבערגעזעצט און צוריק־אויפֿגעזעצט, אַרויסגעקוקט אין פֿענצטער. נאָך איבערן פֿענצטער האָט אַלץ געשטיבן דער רעגן און מע האָט קוים זוי גאָרנישט ניט געזען. ער האָט זיך דערמיט צוריק אַוועקגעזעצט און זיך אומגעקוקט, ווי ער וואָלט געזוכט מיט עמעצן פֿאַררײדן א רייד.

און וואָגן, אַז מע רעדט, באַמערקט מען גאָר ניט, ווי ס׳לויפֿט דורך די צײַט, מע פֿאַרגעסט אָן דער שטאָט, וואָס מע האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך און מע טראַכט ווייניקער וועגן דעם אָרט, וווּהין מע פֿאָרט. ס׳איז גרינגער. נאָר אַלע האָבן געשוויגן.

אויף דער אייבערשטער באַנק אַנטקעגן איז אויף א ווײַס פֿאַרשפּרייטן לײַלעך געלעגן א יונג מיידל. זי האָט די גאַנצע צײַט עפּעס געלייענט. אים האָט זיך האַפֿקע געוואָלט אָנהייבן ריידן מיט איר; עפּעס איז זי פֿון דאָרט,

וואוהין ער פאָרט, זי פאָרט עפּעס אַהין, ער וועט נאָך מעגלעך קאָנען זײַן בײַ איר אין קוואַרטיר. ס'אַ בלאָנדע זי איז, האָט ער אַ טראַכט געטאָן. געוואָלט עפּעס אַ פרעג טאָן בײַ איר, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט באַשליסן.

נאָך שווײַגן מער האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט זיך דעמלט געווענדט צו דעם אַלטן.

— וויפל קאָן זײַן איצט דער זייגער? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

דער אַלטער האָט עטוואָס ברייטער געעפנט די אויגן און זיי צוריק צונויפגעצויגן.

— ווען כ'זאָל פאַרמאָגן אַ זייגער, — האָט ער, אונטערהוסטנדיק, פאַמעלעך זיך אָפּגערופן, ניט אומקוקנדיק זיך צו דעם, וועד ס'פרעגט אים, — וואָלט איך אים מיט זיך אין וואָגן סתּמא ניט מיטגענומען...

דער באָבער האָט אַ שמייכל געטאָן. ער האָט דאָס געוואָלט אָננעמען פאַר אַ וויץ. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווידער זיך געווענדט צו דעם אַלטן:

— איר פאָרט ווײַט?

— וואָס פאַר איינעם איז ווײַט... איז פאַר אַנדערן נאָענט... — האָט דער אַלטער ווידער, ניט אַ קיק געבנדיק אויפן באָבער, בייזלעך געענטפערט.

איצט איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז דער אַלטער וויל מיט אים ניט ריידן. עס האָט אים נאָך געאַרט, צו

דאָס מיידל, וואָס ליגט אין דער הייך אפֿן באַנק, האָט עס געהערט. ער וועט שוין איצט מיט דעם מיידל זיכער אויך ניט רײדן...

ער האָט זיך אויפֿגעצויגן, אָנגעשפּאַרט זיך אָן דעם פּאַק מיט זאַכן און געפּרוּווט רײדן מיט זיך אַליין.

נעכטן אין דער העלבער צײַט איז ער נאָך געווען אין דער ליכטיקער און טומלדיקער שטאָט. זיי האָבן אַלע אָנגעפּילט דעם שטענדיק־ריידיקן זאַל. עס האָט געשפּילט מוזיק, און עס האָבן געציטערט די שויבן. ס'איז געווען דער געזעגענונגס־אָוונט. מע האָט זיך געזעגנט מיט די כאַ־ווערים, וואָס האָבן צוזאַמען געענדיקט דעם מעדיצינישן טעכניקום. נעכטן זײַנען זיי נאָך געווען אַלע צוזאַמען, און איצט איז ער אין וואָגן, ווײַט פֿון אַלעמען, זיי פֿאָרן איצט אַלע איבער פֿאַרשיידענע וועגן, אין פֿאַרשיי־דענע שטעט און שטעטלעך... ערגעץ ווײַט פֿון יענער זײַט דניעפּער איז פֿאַרבליבן די גרויסע ליכטיקע שטאָט... ער פֿאָרט איצט אײנער אַליין אין אַ שטעטל, וווּ ער איז נאָך קיינמאָל אין לעבן ניט געווען, ניט געהערט וועגן דעם. דאָרט וועט ער דאַרפֿן זיך באַזעצן, אַרבעטן אין דעם נײַ־אויפֿגעעפֿנטן שפּיטאָל. און ער פּרוּווט זיך פֿאָרשטעלן, ווי זעט עס אויס, דאָס שטעטל, וווּהין ער פֿאָרט, ער וואָלט שוין גיכער וועלן אָנקומען אַהין.

דער רעגן האָט שוין געהאַט קוים ווי אויפֿגעהערט, און דער צוג איז, דאַכט זיך, אַוועק שנעלער. אין קופּע

איז נאָך אַלץ געווענ שטיל, עס האָט זיכ גאָר געהערט, ווי ס׳האָבנ געקלאַפּט שיטערע טראָפּנס איבערנ פענצטער...

מיטאַמאָל האָט זיכ פונ דער איבערשטער באַנק עט־וואָס אַראָפּגעבויגנ דאָס יונגע בלאָנדע מיידל. די האָר זײַ־נענ איר געפאַלנ איבער די אויגנ, זי האָט זיי מיט איי־גענעמ האַנט פאַרהויבנ אונ זיכ אויסגעדרייט צומ רימלעכנ יאַט:

— איכ האָב, האָט זי, פריער א ווײַלע געפרעגט דעמ זייגער...

ער האָט זיכ א כאַפּ געטאָנ. אַפ דעמ האָט ער זיכ ניט געריכט. עס האָט אימ איינגעזונקענ עפּעס מאָדנע, וואָס זי האָט זיכ אַזוי שפּעט דערמאָנט וועגנ דעמ.

— יאָ, — האָט ער זיכ אויפגעוועקט, — כ׳האָב גע־מיינט... ס׳איז אַזוי לאַנגווײַליק...

דאָס מיידל האָט א קוק געטאָנ אַפנ קליינעמ האַנט־זייגערל.

— איצט איז פונקט זיבנ...

— ערשט זיבנ? — האָט ער פאַרכידעשט איבערגע־פרעגט, ווי ער וואָלט זיכ געריכט אַפ א סאַכ מער.

— נו, יאָ. כ׳איז טונקל, ווײַל ס׳איז כמאַרעדיק... איר פאָרט ווײַט?

— ווײַטלעכ... קיינ מאָקמאַק...

— א, קיינ מאָקמאַק... איכ קאָנ אײַכ איבערגעבנ א גרוס, — האָט זי זיכ אויפגעזעצט אונ אַראָפּגעלאָזט די פיס. פאַר דער גאַנצער צײַט האָט דער אַלטער זיכ צומ ערשטנ

מאָל אויסגעדרייט, א קוק געטאָנ אפ איר אונ זיך ביין אָפּ־
געקערט.

— איר זענט פונ טאָקמאַק? — האָט דער יאַט זיך
דערפרייט מיט דעם מיידלס נאָענטקייט. — איר פאָרט
אויך אהינ?..

— ניינ... איך בינ ניט פונ דאָרט אונ פאָר ניט אהינ:
נאָר איך בינ געװענ דאָרט.

— זאָגט מיר, — האָט דער יאַט זיך אײַנגעהויבנ, —
װאָס איז דאָס פאַר א שטעטל?

— טאָקמאַק? — האָט דאָס מיידל אויפגעלעבט אי־
בערגעפרעגט. — אָ, זייער א פיינ, א טייער שטעטל...
דער אַלטער האָט פונ דער זייט אפ איר מאָדנע פאַר־
ליבטערהייט זיך איינגעקוקט.

— זי איז לעבנ װאָקזאַל?

— אונ אז ניט גאַנצ לעבנ װאָקזאַל... ס'איז א װוּנ־
דערלעך שיינ שטעטל, א ברוקירטס, א ליכטיקס...

— אמ־הם... אװאדע... — האָט דער אַלטער צו זיך
אליינ א בורטשע געטאָנ.

— דאָרט איז פאַראַנ עלעקטרע?..

— װאָס פאַר א פראגע, — האָט דאָס מיידל זיך אָפּ־
גערופנ, — דאָרט זענענ פאַראַנ װונדערלעכע בערג אונ טע־
דער...

— אמ־הם... אװאדע, — האָט דער אַלטער װידער צו
זיך אליינ א בורטשע געטאָנ.

— אונ יונגט?..

דאָס מיידל האָט זיכ אראָפּגעלאָזט אפ דער אונטער־שטער באנק. זי האָט זיכ געזעצט לעבנ דעמ יאַט אונ, אַנ אופּגעלעבטע, ווי זי זאָל זײַנ אינגאנצנ פארליבט אינ דעמ דאָזיקנ שטעטל, אָנגעהויבנ פארכאפּט צו דערציילנ.

דער אלטער איז אלצ געלעגנ. ער האָט פאר דער גאנצער צײַט זיכ אפילע קיינ איינ מאָל ניט אומגעקוקט אפנ יאַט. ער האָט פונ דער זײַט מיט בייזלעכע אויגנ גע־קוקט אפ דעמ מיידל, ווי ער וואָלט זיכ געקליבנ אויס־זידלענ זי.

אפ דער ערשטער סטאַנציע איז דאָס מיידל אראָפּ. דאָס איז פארנ יאַט געווענ אינגאנצנ אומגעריכט. ער האָט געמיינט, ער איז אפילע זיכער געווענ, אז זי פאָרט ווײַ־טער, א סאכ ווײַטער פונ אימ.

קיינער איז אינ קופּע ניט ארײַנ. איר אָרט איז פאר־בליבנ ליידיק.

ווענ דער צוג איז ווידער אוועק, האָט דער אלטער זיכ מיטאמאָל איבערגעזעצט אפנ באנק, זיכ אויסגעדרייט צומ יאַט.

— זי איז שוינ אראָפּ, — האָט ער זיכ שווער פאר־הוסט, — כ'האָב פײַנט מענטשנ, וואָס האָבנ פארגעניגנ פונ זאָגנ ליגנ. אָנקוקנ קאָנ איכ זי ניט... זעט אָקאָרשט, צי זי האָט בא אײַכ גאָרנישט ניט צוגעשלעפּט, — האָט ער זיכ אומגעקוקט אפ זײַנע זאכנ, — איר גליק, וואָס זי איז

אראָפּ... בא אונדז איז מאָקמאַק איז זי געווענ... — איז ער געוואָרנ אויפגעבראכט, — זי וועט אייכ אָנדערציילנ עלעק- טרע... קליבנ... שאָסייענ... פארוואָס זאָל א מענטש גלאט וועלנ יענעמס נארנ, — האָט ער זיכ ווידער שווער פארהוסט, — איכ קאָנ דאָס ניט פארלײדנ, ס'איז מערניט איר גליק, כ'האָב געמיינט, אז זי גייט גאָר ניט אראָפּ...

דער יאנ האָט אימ אָנגעקוקט. ער האָט ניט פארשטא- נענ, וואָס ער רעדט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגנ, נאָר דער אלטער האָט ניט געלאָזט.

— זי מיינט, ס'איז איר קיעוו, צי דניעפּראָפּעטראָווסק... עלעקטרע... אינ מאָקמאַק האָט אפנ לעבנ קיינמאָל ניט געברענט קיינ עלעקטרע, אונ ס'וועט קיינמאָל ניט ברענענ... וואָס איז מאָקמאַק?.. וואָס קאָנט איר בא אונדז קריגנ, אויסער בלאָטע? — האָט ער איבערגעכאפּט דעם אָטעם. — פאראנ מאָדנע מענטשנ אפ דער וועלט... כ'האָב פיינט מענטשנ, וואָס האָבנ פארגעניגנ פונ זאָגנ ליגנ. אָנ- קוקנ קאָנ איכ זיי ניט, — האָט ער זיכ שווער פארהוסט. — איר גליק, וואָס זי איז אראָפּ... א טעאטער האָט זי אייכ צוגעטראכט... ווי קומט צו אונדז טעאטער? מאָקמאַק דע- ריקער דארפ האָבנ טעאטער, אז אפילע קיינ רעכטער פעלד- שער איז דאָרט ניטאָ... וואָסי, א רעכטער פעלדשער וועט פאָרנ צו אונדז?.. — האָט ער זיכ ווידער פארהוסט אונ געכאפּט פארנ הארצנ.

דער יאמ האָט זיכ שוינ נעהאמ איבערגעזעצט פונ איינ אָרט אפנ צווייטנ. ער האָט ניט פארשטאנענ דעמ אלטנ, ער האָט אימ געוואָלט עפּעס זאָגנ, נאָר דער אל-טער האָט אלצ אופגערעגט גערעדט:

— איכ קאָנ ניט פארטראָגנ, אז א מענטש זאָל ליגנ... וואָס דארפט איר, לוימנ וואָקזאל וועט איר דערקענענ די גאנצע שטאָט. וואָסי, ס'איז א וואָקזאל? עפּעס א היל-צערנע כאלופּע, פינצטער, כווישעב.. וואָס דארפ האָבנ מאָקמאק?.. אָט אזוי זעט האָרטנ אלצ אויס, זינט איכ געדענק זי, אונ אנדערש וועט זי שוינ קיינמאָל ניט זײַנ. זי ליגט מיר שוינ גומ אינ די ביינער, — פונ אופגערעגט-קייט האָט ער זיכ נאָכ מערער פארהוסט.

דעמ יאמ האָט ארומגענומענ עפּעס א מאָדנער געפיל. ער האָט אליינ ניט געוווסט, פונ וואָס ס'האָט זיכ גענומענ, צי פונ דעמ, וואָס ער פאָרט אינ אזא פארוואָרפנ שטעטל, אָדער ס'האָט אימ פארדראָסנ אפ דעמ מיידל, וואָס האָט גאָר, אפּאָנעמ, כוויזעק געמאכט פונ אימ.

— מיילע, — האָט ער זיכ געטראכט, — מ'האָט אויס-געטריקנט גרעכערע בלאָטעס.

דער אלטער האָט אלצ געהוסט. דער הוסט האָט אימ אוועקגעלייגט אפ דער באנק. ער האָט נאָכ עפּעס געבור-טשעט, ווי ער וואָלט געזידלט דאָס מיידל, אונ נאָכדעמ אָנגעהויבנ איינדרעמלענ.

דער צוג האָט זיכ האסטיק געטראָגנ, אונטערגעוויגט

דעם וואגאָן אָט רעכטס, אָט לינקס. דער רעגן האָט שוין אינגאנצן געהאט אויפגעהערט.

הינטערן פענצטער האָט געפייפט דער ווינט.

באַנאַנט האָט דער קאָנדוקטאָר מיט א צעצויגענעם געשריי זיי אויפגעוועקט. דער צוג האָט געהאט פארקלע-נערט דעם גאנג און זיך דערנענטערט צו א סטאנציע. אנטקעגן האָט א בליאסקע געטאָן עלעקטרישע שיין. צענ-דליקער מאטאָווע לאָמפּן האָבן זיך איבערגעיאָגט איינע אין די אנדערע, עס האָט זיך ארײַנגעשניטן א שיינער, גרינער וואָקזאל, א הויכער מיט גרויסע ליכטיקע פענצטער.

— שטייט אויף, ס'איז שוין טאָקמאק, — האָט דער באָ-כער אונטערגעבעלט, צונויפפאקנדיק אינדערהייל די פעק-לעך, — נו, קומט, — האָט ער זיך געלאָזט צום ארויס-גאנג.

— שטייט, וואוהין לויפט איר, — האָט דער אלטער אויסגעשריגן, צונויפזשמורענדיק די אויגן אנטקעגן דער העלער עלעקטרישער שיין, וואָס האָט געשלאָגן אהער פון פּעראָן, — ס'איז ניט טאָקמאק... וואָס האָט ער אונדז אויפ-געוועקט... ס'איז ניט אונדזער סטאנציע...

דער יאט האָט זיך א וואָרף געטאָן צום פענצטער, ארום וואָקזאל האָט געפלייצט מיט עלעקטרישער שיין. ער-גיץ האָט דאָ געשפּילט מוזיק.

— ס'איז טאָקמאק, — האָט דער יאט אויסגעשריגן, — גיט א קוק, — האָט ער אים געוויזן אויפן אויפשריפט.

— ס'קאָנ ניט זיינ, — איז דער אלטער געוואָרנ בייז, — וואָס דרייט איר מיר א קאָפּ, — ער האָט ארויסגעקוקט דורכנ באלויכטענעם פענצטער אפנ וואָקזאל, אפנ אָרום, און ווייטער ארופ די בערג, אפנ שטעטל, וואָס האָט גע-פינקלט מיט עלעקטרישע פייערנ.

— ס'איז ניט אונדזער סטאנציע... א מאָשל. ווי קומט עס. — איז ער געווענ אלצ בייז... — ווארט... — האָט ער, פארהוסטנדיק זיכ, געשריענ, געפרווט אָפּהאלטנ דעמ יאט.

נאָר דער יאט האָט אינגערגיכ געכאפט די זאכנ, זיכ געלאָזט גיינ. מיטאמאָל האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט.

— זאָג מיר, — האָט ער א פרעג געטאָנ, ווי ס'וואָלט אימ עפּעס געקומענ מיטאמאָל אפנ געדאנק, — איר זענט שוינ לאנג פונדאנענ?..

— וואָסי די נאפקעמינע, — האָט דער אלטער בייז זיכ א וואָרפ געטאָנ. — און אז איכ בינ דאָ א פּאָר יאָר ניט געווענ, מיינט איר, וועל איכ ניט דערקענענ דעמ העק?..

דער יאט האָט זיכ באלד איבערגעדרייט, ניט געהערט מער, וואָס דער אלטער האָט אימ נאָכגעשריענ און איז ארויס פונ וואגאָנ.

אפ דער פּלאטפאָרמע איז געווענ טומלדיק. עס האָט גע-שפּילט מוזיק. מע האָט באגעגנט א מאָסקווער טעאטער, וואָס איז געקומענ אפ גאסטראָלנ.

ווענ דער צוג האָט זיכ שוינ גענומענ רירנ, האָט זיכ בא דער וואגאָנ-טיר באוויזנ דער אלטער. דער קאָנדוקטאָר

האָט געשלעפּט זײַנע זאַכן, געשריִען צו אים און אונטער-
געשטופּט. אַ צעמומלטער, שיִער ניט אומפּאַלנדיק, האָט
דער אַלטער נאָך באַװיזן אַראָפּשפּרינגען. ער איז אַ װײַלע
נאָכגעלאָפן דעם צוג, געװינקט דעם קאָנדוקטאָר. נאָכדעם
איז ער אַ מידער, אַ פאַרסאַפּעטער געבליבן שטײן אױף
דער ליכטיקער פּלאַטפאָרמע און זיך אַרומגעקוקט, װי ער
האָט ניט געװוּסט, װוּ ער געפינט זיך...

